פערלאג „קולטור"

וול. קאראלענקא

# די רגע

ערצעהלונג. איבערזעצט פון א. רייזען.

מינסק
תרס"ו.



פרייז 5 קאפ.

## I.

עֶס וועט זײַן אַ שטורם, חבר.

— יאָ, קאַפּראַל, עֶס וועט זײַן אַ שטאַרק שטורם־געוויטער, איך בין שוין געניט אין דעם דאָזיגען מזרח־ווינד. עס וועט היינט זײַן אַן׳אומרוהיגע נאַכט אויף דעם ים.

— דער אויבערשטער זאָל בעשיצען אונזערע ים־לײַט. די פישער האָבען זיך שוין אַלע אָבגעטראָגען...

— און דאָך, גיט נאָר אַ בליק: מיר דאַכט, אַז אָן דאָרטען האָב איך געזעהען אַ זעגעל.

— ניין, דאָס האָט אַ פינקעל געטהון אַ פליגעלע פון אַ פויגעל. פון ווינד קען מען זיך בעהאַלטען אונטערן דעק פון וואַנד. פערבלײַב געזונד! די וואַכט וועט זיך בײַטען אין צוויי שעה אַרום.

דער קאַפּראַל איז אַוועקגעגאַנגען. דער וועכטער מיט׳ן ביקס איז געבליבען שטעהן בײַ דער קליינער פעסטונג, וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט ווילדע וועלען.

דער שטורם האָט זיך ווירקליך דערנעהערט. די זון האָט זיך אַראָבגעלאָזען, דער ווינד איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען, דאָרט וואו די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט זיך אָנגעצונדען אַ פּורפּור־פײַער. און וואָס מעהר דער פלאַם האָט זיך איבערן הימעל צוגאָסען, אַלץ מעהר איז די בלאָהקייט פון ים געוואָרען טיעפער און קעלטער.

וואו ניט וואו האָבען דעם ים׳ס דונקעלע אויבערפלעכע דורכגעשניטען ווײַסע וועלען־קאַמען. און דאַמאָלס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס פרובט די געהיימניספאָלע טיעפקייט פון דעם אָקעאַן אַרויסצוקוקען אויבען אויף דרויסען, און בייז און בלאַס איז דאָס ווי פון אַ לאַנג אײַנגעהאַלטענעם כעס.

אויפ׳ן הימעל איז אויך פאָרגעקומען אַן׳איילינער גערודער: די וואָלקענס, אויסגעצויגען אין לאַנגע פאַסען זענען געפלויגען פון מזרח צו מערב און האָבען זיך דאָרטען אָנגעצונדען איינער נאָך דעם צווייטען, פונקט ווי דער אוראַגאַן וואָלט זיי געשליידערט אין דעם מויל פון אַ שרעקליך־גרויסען קאַלך־אויווען.

דער אָטעם פון דעם נאָהענטען שטורם־געוויטער האָט שוין געוועהט איבער דעם אָקעאַן. איבער די דונקעלע חוואַליעס, אַזוי ווי אַ פליענגעל פון אַ דערשראָקענעם פויגעל, האָט געשוועבט אַ זעגעל: עס שיינט אַ פערשפּעטיגטער פישער אַנטלויפט נאָך פאַר דעם שטורם; ער האָפט שוין אַ פּנים נישט צו דערגרייכען דעם ווייטען ברעג און קערעוועט זיין שיפעל צו דער פעסטונג.

דער ווייטער ברעג איז שוין לאַנג פערטרונקען געוועזען אין נעבעל, אין שוים און אין דונקעלהייט פון דעם אָוועגד, וואָס האָט שוין געזאָלט באַלד אָנקומען. דער ים האָט טיעף און אין לאַנגע טענער געברומט, און אַ וועל נאָך דער צווייטער האָט זיך געקויקעלט ערגעץ ווייט אַראָב, צו דעם נאָך העל־בעלויכטענעם האָריזאָנט. אַלע ווילע פלעגט אַ שיין טהון דער זעגעל אין ווייטער פערשווינדען צווישען די וועלען. דאָס שיפעל האָט זיך געקערעוועט אַהין און אַהער אויף אַלע זייטען, עס האָט מיט גרויס מיה גובר געווען די וועלען און אַליך מעהר זיך גענעהערט צו דעם אינזעל. דעם וועכטער, וואָס האָט דאָס אַלעס צוגעזעהען, האָט זיך געדאַכט, אַז די פאַרנאַכטיגע דונקעלהייט און דער ים אַיילען זיך מיט אַ גרויזאַמער כונה צו פערדעקען דאָס איינציגע שיפעל מיט פינסטערניש, טוידט, און דעם גערויש פון זיינע שרעקליכע וועלען.

אויפ'ן ווענטעל פון דער פעסטונג האָט אויפגעפלאַקערט אַ פייערעל, אַ צווייטעס, אַ דריטעס. דאָס שיפעל האָט זיך שוין נישט געזעהען, אָבער דער פישער האָט געקענט זעהען די פייערלעך: עטליכע ציטערדיגע פונקען איבער'ן אונענדליכען אויפגערעגטען אָקעאַן...

## II.

— שטעה! ווער געהט?

דער וועכטער פון וואַנד שרייט צום שיפעל און נעהמט זיך צו צילעווען אויף איהם...

דער ים איז אָבער שרעקליכער פאַר אַזאַ סטראַשונעק. דער פישער טאָר דעם רודער נישט אַוועקלאָזען, ווייל די וועלען וועלען אין איין אויגענבליק אַוועקשליידערן דאָס שיפעל אויף די שטיינער... דערצו טרעפען די אַלטע שפּאַנישע ביקסען ניט פונקט אויף אַ האָר.

פאַרזיכטיג, ווי אַ שווימענדער פויגעל, ווארט אוים דאָס שיפעל אַ הינטערשטע וועל, הרעהט זיך אוים אויף דעם סאַמען וועלען־קאָם פון איהר און לאָזט האַסטיג אַראָב דעם זעגעל... די הינטערשטע וועל האָט איהם אַ וואָרף געגעבען איבער די צוברעקעלטע שטיינער אין קליינעם ים־אויסגוס.

— ווער געהט? שרייט ווידער הויך דער וועכטער, וואָס האָט געקוקט מיט גרויס אַנטייל אויף די געפעהרליכע קונסט־שטיק פון דעם שיפעל.

— ברודער! — ענטפערט דער פישער — עפען די טויערן אויב גאָט איז דיר ליעב, דו זעהסט ס'אַראַ שטורם!

— ווארט, באַלד קומט דער קאַפּראַל.

אויף דער וואַנד האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעוועגען שאָטענס, דערנאָך האָט זיך אויפגעעפענט אַ שווערע טהיר, עס האָט אַ שיין געטהון אַ לאַמטערן און ס'האָט זיך דערהערט אַ שמועס... די שפּאַניער האָבען צוגענומען דעם פישער; דאָרט הינטער דער וואַנד, אין דער קאַזאַרמע, וועט ער האָבען אַ וואַרעמע היים אויף אַ גאַנצע נאַכט. רוהיגערהייד וועט איהם אַנגענעהם זיין זיך צו דערמאָהנען אָן דעם בייזען ים מיט זיין ווילדען ברומען אָן דער שרעקליכער פינסטערניש איבער'ן תהום, ווי ערשט ניט לאַנג האָט זיך נאָך געוויעגט זיין שיפעל.

די טהיר האָט זיך האַסטיג צוגעמאַכט, פונקט ווי די פעסטונג וואָלט זיך אָבגעשלאָסען פון דעם ים, איבער וועלכען עס האָט זיך שוין געטריבען דער ערשטער שקוואַל, ווי אַ ברייטער בייט, ברייט ווי דער ים אַליין און האָט געהיימניספול געפינקעלט מיט דער פאָספאָרישען גלאַנץ פון זיין שוים.

און אין דעם פענסטער פון ווינקעל טהורם האָט פערצאָגט אַ פייערל געלויכטען, און דאָס שיפעל, וואָס מען האָט אין אויסגוס אַריינגעפיהרט, האָט זיך גלייכמעסיג געוויעגט און שטיל אונטערגע־סקריפּעט אונטער די קלעפּ פון דער צוריקגעשלאָגענער וועל, וואָס איז אָבער נאָך אַלץ געווען גענוג שטאַרק.

III.

אין ווינקעל טהורם האָט זיך געפונען אַ קלויסטער־חדר'ל פון דער שפּאַנישער קריעגס־טורמע. דאָס רויט פייער'ל, וואָס האָט אַרויס־

געשײַנט פֿון איהר פֿענסטערל, איז פֿערדונקעלט געוואָרען און הינטער דער גראַטע האָט זיך אין אַ סילועט אָבגעמאָלט די פֿיגור פֿון מענ־שען. עמיצער אַ פּנים האָט פֿון דאָרטען אַ קוק געגעבען אויפ'ן דונ־קעלען ים, און איז צוריק אַוועק. דאָס פֿײַערל האָט זיך ווידער גענומען טרייסלען מיט אַ רויטען אָבגלאַנץ אויף די שפּיצען פֿון די ווערען.

דער מאַן איז געווען היאַן — מאַריאַ — האַזע—מינועל—דיאַץ איין אינסורגענט און אַ פּליבוסטיער. אין דעם פֿערגאַנגענעם אויפשטאַנד האָבען איהם די שפּאַניער גענומען אין געפֿאַנגענשאַפט און מען האָט איהם פֿער'משפּט צום טויט, אָבער שפּעטער צוליעב איינעמם אַ רחמנות קאַפּריז, האָט מען איהם בעגנאַדיגט. מען האָט איהם גע־שענקט דאָס לעבען, ד. ה., מען האָט איהם אַהער אויף דעם אינזעל געבראַכט און אַרײַנגעזעצט אין טהורם. דאָ האָט מען פֿון איהם אַראָב־גענומען די קייטען, דאָ זענען זיי ניט נויטיג געווען. די ווענד זענען פֿון שטיין, די פֿענסטער — מיט די דיקע אײַזערנע גראַטעם פֿערשלאָגען, הינטער'ן פֿענסטער — דער ים...

זיין לעבען איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געקענט קוקען אין פֿענסטער אויף דעם ווייטען ברעג... און דערמאַנען אַלטע צייטען... און אפשר — נאָך האָפֿען אויף עפּעס...

די ערשטע צייט, אין שענע טעג, ווען די זון האָט געפֿינקעלט אויף די שפּיצען פֿון די בלאָהע ווערען און דײַטליך אַרויסגערוקט דעם ווייטען ברעג, פֿלעגט ער לאַנג קוקען אַהין, בעטראַכטענדיג מיט דורסטיגע בליקען די שפּיצען פֿון די היימישע בערג, די טיפֿע גרובענטהאַלען, וואָס טרעטען אַרויס אין אונקלאָרע אויסגעדרעהטע דורשטיגע בליקען די שפּיצען פֿון די היימישע בערג, די טיפֿע אויג... ער פֿלעגט משער זיין מיט'ן בליק די ים־אויסגוסען, די וועגען, די בערג־שטעגעלעך, אויף וועלכע איהם האָט זיך געדאַכט, בעווע־גען זיך לײַכטע שאָטענס. און צווישען זיי איין שאָטען, וואָס איז איהם אַמאָל אַזוי נאָהענט געווען...

ער האָט געוואַרט, אַז אין די בערג זאָלען ווידער אָנהייבען אויפֿצופֿלאַקערען די פֿײַערלעך פֿון אויסגעשאָסענע ביקסען מיט רינ־געלעך רויך; אַז פֿון דאָרטען איבער די ווערען פֿון דעם ווייטען ברעג, זאָלען קומען צו שוועבען זעגלען מיט'ן היימישען פֿאָהן פֿון מרידה און פֿרײַהייט. ער האָט זיך געגרייט דערצו, און געדולדיג, פֿאַר־

זיכטיג און איינגעשפּאַרט האָט ער געקוקט דעם שטיין ביי די פערראָסטעטע גראַטעס... נאָר יאָהרען זענען אַוועק. אויפ'ן ברעג איז אַלעס רוהיג געוועהן. אין די גרובען־ט אַלען איז אַלץ געלעגען אַ בלאַ־ הער נעבעל. פון ברעג האָט זיך נאָ אָבגעשיידט אַ קליינעס שפּאַ־ נישעס וואַכט־שיף, פרידליכע פישער־שיפלעך זענען אַרומגע־ לאָפען איבערן ים, ווי ים־פויגעלעך נאָך שפּייז...

ביסלעכווייז איז ביי איהם די גאַנצע פערגאַנגענהייט געוואָרען ווי אַ חלום. ווי אין חלום האָט געדרעמעלט אין גאָלדענעם נעבעל דער איינגעשטילטער ברעג און אויך ווי אין חלום האָבען אויף איהם אַרומגעשפּאַציערט דורכזיכטיגע שאָטענס פון דער אַלטער פערגאַנ־ גענהייט... און ווען פון ברעג פלעגט זיך טראָגען אַ דינער רויך, און אַ קריעגס וואַכט־שיפעל פלעגט לויפען, צושניידענדיג די וועלען, — האָט ער געוואוסט: דאָס פיהרט מען צו דער אינזעל אַ נייע וואַך פון סאָלדאַטען און געפענגניש־וועכטער, אָבצולויזען די אַלטע... און ווייטער זענען יאָהרען פערגאַנגען אין דעם דאָזיגען הין־הער־פלעט... היאַן—מאַריאַ—מיגועל—האָזע—דיאַץ האָט זיך בערוהיגט און האָט אָנ־ געהויבען צו פערגעסען אפילו זיינע הלומות. דאָס לעבען, געשאָנקען פון די פיינד, איז געפלאָסען שטיל נישט צו בעמערקען, טעמפּע און גלייכמעסיג אויפ'ן ווייטען ברעג האָט ער שוין אפילו געקוקט מיט אַ גלייכגילטיגקייט און ער האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו ענגבערן די גראַטעס... צו וואָס?...

נאָר בשעת עס פלעגט זיך אויפהייבען אַ מזרח־ווינד, וואָס איז בעזונדערס שטאַרק אין יענע געגענדען, און די וועלען פלעגען אָנ־ הייבען הויך צו גלעטען די שטיינער, וואָס זענען געלעגען באַרג־אַראָב פון דער קליינער אינזעל, פלעגט טיעף אין זיין נשמה, אַזוי ווי די שטיינער אויפ'ן דעק פון ים, אָנהייבען פּאַמעלעך צו ריהרען זיך אַ בענקעניש, אַ צומישטע און אַ טעמפּע בענקעניש. פון דעם ברעג, מיט נעבעל פערצויגען האָט זיך איהם געדאַכט, שיידען זיך ווידער אָב שאָטענס און טראָגען זיך איבער די וועלען פון ים, און שרייען וועגען עפּעס אַזוי הויך, איילענדיג, יאָמערליך, צורודערט... ער האָט גע־ וואוסט, אַז נאָר דער ים שרייט עס, דאָך האָט ער ניט געקענט זיך ניט צוהערען ניט ווילענדיג צו די דאָזיגע געשרייען. און טיעף אין זיין נשמה האָט אויסגעוואַקסען אַ שווערע פינסטערע אויפגערעגטקייט.

אין זיין קאַמער פון איין ווינקעל ביז צום צווייטען ווינקעל אין אַלכסון איז געווען קענטיג אויפ'ן שטיינערנעם פוסדעק אַ טיעפע שטעגעלע. דאָס האָט ער מיט די באָרוויסע פיס אויסגעטראָטען דעם שטיין, אַרומלויפענדיג אין שטורמדיגע נעכט איבער זיין שטיוג. אָפטמאָל פלעגט ער אין אַזעלכע נעכט ווידער אָנהייבען צו קראַצען די וואַנד אונטער די גראַטעס, אָבער אין דעם ערשטען פריה־מאָרגען, ווען דער ים, בערוהיגענדיג זיך, פלעגט פריינדליך לעקען די שטיינערנע שפיצען פון אינזעל, פלעגט אויך ער זיך בערוהיגען און פערגעסען די משוגע־בייזע מינוטען...

ער האָט געוואוסט, אַז נישט די גראַטעס האַלטען איהם דאָ... געהאַלטען האָט איהם דער דאָזיגער פאַלשער ים, וואָס אַ טאָג איז ער צאָרניג, אַ טאָג היימליך, און נאָך... די פערהלומ'טע רוהיגקייט פון וויַיטען ברעג, וואָס האָט פיעל און טעמפ געדרעמעלט אין זיינע נעבלען, און וואָס האָט פערגעסען דאָס, וואָס האָט נאָך געריהרט אין זכרון פון געפאַנגענעם...

IV.

אַזוי זענען פערגאַנגען נאָך יאָהרען, וועלכע האָבען שוין אויסגעזועהען ווי טעג. אין שלאָף האָט די צייט קיין השבון ניט, און זיין לעבען איז געווען אַ שלאָף, אַ טעמפער, אַ שווערער, וואָס לאָזט קיין זכר נישט איבער...

איבריגענס, זייט אַ קורצער צייט האָבען ווידער אָנגעהויבען אין דעם דאָזיגען שלאָף זיך דרעהען מאָדנע געשטאַלטען. אין גאַנץ ליכטיגע טעג פלעגט זיך אויפ'ן ברעג אויפהויבען אַ רויך פון אָנגעצונדענע הויפענס אָדער אַזוי פון שרפות. אין דער פעסטונג פלעגט פאָרקומען אַנ'אונגעוועהנליכע בעוועגונג. די שפּאַניער פלעגען זיך נעהמען צו פערריכטען די אַלטע וועגד; די לעכער, וואָס האָבען זיך געבילדעט אין יאָהרען פון פריעדליכער שטילקייט, האָט מען אַיילענדיג פערשמירט אָפטער, ווי געוועזן, האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען צווישען ברעג און אינזעל דאַמפּף־באַרקעס מיט דער שפאַנישער קריגספאָהן. אַ פּאָר מאָל זענען אין דורכגוס שווער פאַרביי געקראָכען, פונקט ווי שווערע קערפּער פון פאַנטאַסטישע ים־היות, מאָניטאָר'ען מיט טהורעמלעך איבערן סאַמע וואַסער. דיאַז האָט איך זיי געקוקט מיט

אַ טריבען בליק, דורך וועלכען צײַטענווײַז האָט זיך דורכגעשלאָגען פערוואונדערונג. אײן מאָל אפילו האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אין גרובען-טהאָל און איבער די פעלזען פון בעקאַנטען באַרג, וואָס איז אין דעם טאָג געווען העל בעלויכטען פון דער זון, ציהען זיך אין דער הויך ווײַסע רעדעלעך רויך פון אָבגעשאָסענע ביקסען, קלײנינקע ווי שפּילקע-קעפּעלעך, שווימען פּלוצלונג ליכטיג אַרויס אויפ'ן דונקעל-גרינעם הינטערגרונד און צערינען שטיל אין דער קלאָרער לופט. אײן מאָל האָט אַ לאַנגער שוואַרצער מאָניטאָר זיך צוגערוקט צום ווײַטען ברעג, און עטליכע קורצע, אָבגעהאַלטענע קלעפּ האָבען זיך אַ טראָג געגעבען איבער'ן ים... ער האָט זיך אָנגעהאַפּט מיט די הענד פאַר די גראַטעס און האָט זיי גענומען שטאַרק צו טרייסלען. (די גראַטעס האָבען אַ טעמפּען קלאַנג אַרויסגעגעבען און האָבען אַ ציטער געטהון. פון די שפּאַלטען, וואו עס זענען געווען אַרײַנגעמאַכט די אײַזענס אין וואַנד, האָבען זיך גענומען שיטען שפּענדלעך און מיסט...

נאָר עס זענען פאָריבער נאָך עטליכע טעג... דער ברעג איז ווידער שטיל געוואָרען און האָט אײַנגעדרעמעלט; דער ים איז עפּעס געווען ווי אויסגעלעדיגט; די וועלען האָבען שטיל און פערטראַכט זיך געקויקעלט אײנע אויף דער אַנדערער, און אַזוי ווי לעדיג-געהער, וואָס לאַנגווײַליגען זיך, האָבען זיי געפּאַטשט דעם שטײנערנעם ברעג... און דיאַץ האָט דאַמאָלס געטראַכט, אַז דאָס איז ווידער געווען אַ חלום...

אָבער אין דעם זעלבען טאָג האָט דער ים איהם ווידער אָנגעהויבען אויפצורעגען. עטליכע וועלען האָבען זיך שוין איבערגעקוילעט דורך דעם וועלען-ברעכער. וואָס טײלט אָב דעם אויסגוס און פון לינקס האָט מען געהערט, ווי די שטײנער קריכען פון דעק צום ברעג אַרויף. פאַר-נאַכט-צו האָבען אין זײַן פּיערקאַנטיגען פענסטער אַלע ווײַלע אַרײַנגעשײַנט גלענצענדע שטיקער פונ'ם וואַסער-שוים. די קלאַפּענדיגע וועלען האָבען זייער ליעד געזונגען און דער ברעג האָט אָבגעענטפערט מיט טיפע קרעכצען און אַ פערשטיקטען גערויש.

דיאַץ האָט נאָר מיט די אַקסלען געצויגען און האָט בעשלאָסען צו לעגען זיך וואָס פריהער. זאָל דער ים רעדען וואָס ער וויל; זאָל אויך דאָס פערשפּעטיגטע שיפעל, וואָס ער האָט דורכ'ן פענסטער בע-

מערקט, זיך ראַטעווען ווי עס פערשטעהט אַליין פון די פערפלאָנ־טערטע הויפענס וועלען, — איהם געהט עס ניט אָן, נישט דאָס שפּיעל און נישט די קולות פון ים...

ער האָט זיך געלעגט אויף זיין מאַטראַץ.

אַלס דער וועכטער, דער שפּאַניער, האָט אין דער געוועהנליכער צייט געבראַכט די לאַמטערן און האָט זי אַריינגעשטעלט דורכ'ן קאָרידאָר אין די עפענונג איבער דער פערשפּאַרטער טהיר האָט איהר שיין בעלויכטען אַ ליגענדע פיגור און אַ בלייך פּנים מיט צוגע־מאַכטע אויגען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דיאַץ איז רוהיג גע־שלאָפען. צייטענווייז נאָר האָבען זיך זיינע ברעמען צוזאַמענגעצויגען און איבער זיין פּנים האָט זיך בעוויזען אַנ'אויסדרוק פון אַ טיעפען שמערץ, פּונקט ווי טיעף אין דעם פערשלעפּערטען מח וואָלט זיך עפּעס בעוועגט שווער און פערשטיקט, ווי די שטיינער ביי'ם ברעג אין דער טיעפעניש פון ים...

נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך גלייך אויפגעהאַפּט, פּונקט ווי עמיצער וואָלט איהם אַ רוף געטהון ביי'ם נאָמען. דאָס האָבען אַ מהנה וועלען, וואָס זענען דורכגעלאָפען איבער'ן וועלען־ברעכער אַ קלאַפּ געטהון אין דער סאַמע וואַנד. פאַר'ן פענסטער האָבען זיך נאָך אַלץ געטראָגען ווייסע שטיקלעך פאָספאָר־בלאָהער וואַסער־שוים. און אויך דערנאָך, ווי דער ליאַרם איז שטיל געוואָרען, איז זיין קאַמערל נאָך אַלץ פול געווען מיט אַ הודזשעריי און פייפעריי. די ווידערקלאַנגען זענען דורכגעדרונגען דורך דער פערשפּאַרטער טהיר און האָבען זיך ווייטער געטראָגען איבער די קאָרידאָרען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ לעבעדיגע אַכזר'ישע קראַפט איז דורכגעפלויגען איבערן אינ־זעל און איצט ווערט דאָ שוין שטילער און צוגעהט זיך אין דער ווייט.

דיאַץ האָט זיך גלייך אַוועקגעשטעלט אויף די פיס. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז געשלאָפען נאָר איניגע סעקונדען. ער האָט אַ קוק געטהון אין פענסטער, מיינענדיג צו זעהען נאָך פון דער ווייטען דאָס ווייס־זעגעלע פון דעם שיפעל. נאָר אין פענסטער איז געווען שרעקליך פינסטער, דער ים האָט משוגענער וויי געאַרבייט אין פולען השד, און עס האָבען זיך געלאָזט הערען פערמישטע גוואַלדען פון די אַוועקגעלויפענע וועלען מהנה.

הגם אַזעלכע שטורעמס זענען נישט זעהר אָפט פאָרגעקומען, דאָך איז דיאַץ גוט געניט געווען אין געוואַלדען, פּײַפּערײַ און הודושערײַ, און האָט גוט געקענט דאָס ציטערן אונטער דרערד פון דעם שטײַנערנעם ברעג. אָבער איצט, אַז די צולאָזענע קולות פון ים זענען וועניגער געוואָרען, האָט זיך אונטער זײַ געהערט עפּעס אַ נײַער מין קלאַנג, עפּעס אַ שטילס, אַ הימליכס און אומבעקאַנטס...

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהון צום פענסטער, און אָנהאַפּענדיג זיך ווידער מיט די הענד אָן די גראַטעס, האָט ער אַרײַנגעקוקט אין די פינסטערניש. דער ים איז געווען צושויבערט און ווילד. דער ווײַטער ברעג איז געווען אין גאַנצען פערשלונגען פון אַ שווערען נעבעל. נאָר אויף אַ רגע פלעגט זיך צווישען איהם און דער המאַרע דורכרוקען די רויטע פערנעבעלטע לבנה. אַ ווײַטער און אַנ'אומזיכערער אָבגלאַנץ האָט זיך געוויגט אָהן אַ סדר אויף די קאַמען פון די משוגענע וועלען און באַלד ווידער פערלאָשען געוואָרען... פער=בליבען איז נאָר דאָס געריש, אַ מעכטיגעס, אַ ווילד צולהכעיס'דיגעס, שטאַרק פערטהון און פרעהליך-רופענד...

דיאַץ האָט דערפיהלט, אַז אַלעס אין איהם ציטערט און וואַרפט זיך, ווי דער ים. די נשמה האַפּט זיך אויף פון לאַנגען שלאָף, דער מוח ווערט קלאָר. עס שטעהען אויף תחית-המתים לאַנג פערלאָשענע פערלאַנגען... און פלוצלונג האָט ער זיך קלאָר דערמאָנט אָן דעם, וואָס ער האָט געזעהען אויף דעם ברעג מיט עטליכע טעג צו=ריק... איז דאָך דאָס הײַסט עס, נישט קײַן חלום געווען! ווי אַזוי האָט ער עס געקענט האַלטען פאַר אַ חלום? דאָס איז געווען אַ בעוועגונג, אַ שיסערײַ, דאָס איז געווען אַ קאַמפּף, אַ דערוואַכונג, אַ מרידה!...

עס איז אָנגעלאָפען נאָך אַ וועלען-מחנה, עס האָט זיך ווי=דער פערבײַגעטראָגען, שפריצענדיג, דער פינקעלדיגער ים-שוים און ווידער האָט זיך פון אונטער דעם גוס אין דער הוזשערײַ דער=הערט דער פריהערדיגער קלאַנג, אַנ'אומבעקאַנטער און אַ הימלי=כער... דיאַץ האָט זיך אַ וואָרף געטהון צו די גראַטעס און מיט דעם אימפּעט פון אַ נישט-געוועהנליכער בעגײַסטערונג האָט ער זײַ שטאַרק אַ טרײַסעל געטהון. עס האָט זיך ווידער גענומען שיטען קאַלך און ציגעל, וואָס זענען אויסגעגעסען געוואָרען פון דעם געזאַל=

צענעם אױסגעשפּריצטען ים־שױם, עס זענען אַראָבגעפאַלען עטליכע שטײנער, און די גראַטעס האָבען זיך מיט אַ שטילען קלאַנג אַרױסגעבױגען פון פענסטער־ראַם. און אונטער׳ן פענסטער, אין דעם אױסגוס, האָט זיך דאָס שיפעל געװיגט און דין געקרעכצט...

V.

אין דער אײנגענער צײַט האָט זיך אױף דער װאַנד געביטען די װאַכט.

— הײליגער יאָזעף! הײליגע מאַריאַ! האָט דער נײַער װאַכט־מאַן אַרױסגערעדט צװישען די צײַהן, און פערדעקענדיג דעם קאָפּ מיט דעם קאַפּישאָן, האָט ער זיך בעהאַלטען הינטער אַ טהורעמ׳ל פון דער װאַנד. איבער׳ן ים, איבער זײַן גאַנצער ברײטקײַט איז געפלױגען אַ נײַע מהנה װעלען, דאָ אַנידערפאַלענדיג, דאָ זיך װידער אױפשטעלענדיג און פינקלענדיג אין דער דונקעלהײַט מיט דער שױם פון די קאַמען. דער װינד, האָט זיך געדאַכט, איז פון זינען אַראָב, די אינזעל האָט שױן פּאָראױס געשױדערט און געקרעכצט. פון גרונד זענען געקראָכען, װי בלײַכע געשטאַלטען, בארג אַרױף מורא׳דיג גרױסע שטײנער, װאָס זענען געלעגען יאָהרן־לאַנג בעגראָבען אין דער טיעפעניש.

די װעלען־מהנה איז אָנגעלאָפען פּונקט אין יענער מינוט, װען דיאַץ איז אַרױסגעשפּרונגען פון פענסטער. איהם האָט באַלד דאָס װאַסער פערגאָסען, פערטױבט און אונטערגעהאַקט די פיס... אַ װײַלע לאַנג איז ער געלעגען װי אין הלשות, מיט אַ טױט־שרעק אין האַרצען, אַ דערפרױרענער און אַנ׳אונגליקליכער, און איבער זײַן קאָפּ האָט זיך געטראָגען עפּעס אַ גרױסע, אַ װילדע און אַ פײַנדליכע זאַך...

אַלס דאָס װילדע געטומעל איז אַ ביסעל שטילער געװאָרען, האָט ער אױפגעעפענט די אױגען. אױפ׳ן הימעל זענען אומגעגאַנגען פינסטערע װאָלקען, אָהן אַ דורכשײַן, אָהן אַנ׳אָבצײַכנונג. גיכער האָט מען געפיהלט עהדער געזעהען די בעװעגונג פון די ריעזען־גרױסע װאָלקען, װעלכע האָבען זיך געטראָגען אָהן אָבהאַלט נאָך מעריב־זײַט. אין פין דער װײַטען איז װידער אױפגעשטאַנען עפּעס אַזױנס, װאָס

לאָזט זיך נישט זעהן, אָבער עפּעס שרעקליכעס, און דאָס האָט געהידושעט בייז און פערעסען אָהן אויפהער...

נאָר די שטיינערנע ווענד פון פעסטונג זענען געבליעבען אונ־בעוועגט און רוהיג אין דער אַלגעמיינער בעוועגונג. אין דער פינסטער האָט מען געקענט אונטערשיידען די מיילער פון די האַרמאַטען, וואָס האָבען אַרויסגעשטאַרט פון די אַמבאַזורען... ווען דער שטורם פלעגט אַ רגע שטיל ווערען, האָט מען אין דער צווישען־צייט גע־קענט הערען פון דער ווייטער קאַזאַרמע דעם נגון פון דער נאַכט־תפלה, דער בּאַראַבאַן האָט אויסגעפויקט די לעצטע „זאַריע"....

דאָרט, הינטער די ווענד, האָט זיך געדאַכט, האָט זיך פערשלאָסען די ריה. אין דעם ווינקעל־טהורם האָט געלויכטען אַ פייערל מיט אַ גלייכען ניט־רוהיגען שיין.

דיאַץ האָט זיך אויפגעהויבען און ווי אַנ'אָנגעשלאָגענער הונד, איז ער געגאַנגען צו דעם דאָזיגען פייערל... ניין, דער ים איז אַנ'אָבנאַרער און ער איז שרעקליך, ער וועט בעסער צוריק געהן אין זיין שטילען הדר'ל, וועט אָנטהון צוריק די גראַטעס, וועט זיך אַוועקלעגען אין בעקאַנטען ווינקעל אויף'ן בעט און וועט ענטשלאָפען ווערען אַ שווערען, אָבער מיט דעם אונגעפעהרליכען שלאָף פון אַ פערשקלאַפטען...

מען דאַרף נאָר זעהען גוט אַרוממאַכען די גראַטעס, אַז דער פּאַטרול זאָל גאָר נישט בעמערקען... מען קען נאָך מיינען, אַז ער האָט אין דער דאָזיגער שטורם־נאַכט געוואָלט מאַכען אַ ויברח.. ניין, ער וויל גאָר ניט אַנטלויפען... אויפ'ן ים איז אַ טויט־סכנה..

ער האָט זיך געהאַפּט מיט די הענד אָן קאַרניז, האָט זיך אויפגעהויבען צום פענסטער און איז געבליעבען שטעהן...

אין קאַמער איז געווען וויסט און מיט'ן דרויסען אין פער־גלייך שטיל. אַ גלייכער, געלבליכער שיין פון דער לאַנטערן איז געפאַלען אויף די ווענד, אויפ'ן אויסגעטראָטענעם שטיינערנעם פוס־דעק, אויפ'ן מאַטראַץ, וואָס איז געלגען אין ווינקעל... איבער'ן צוקאָפּענס, טיעף אויסגעקריצט אין שטיין, האָט זיך געזעהען איין אויפשריפט:

„היאַן—מאַריא—האַזע—מיגועל—דיאַץ, איין אינסורגענט. לע־בען זאָל די פרייהייט!"

און אומעטום אויף די וואַנד האָבען זיך געוואָרפען אין די אויגען די זעלבע אויפשריפטען, מאַנכע מיט גרויסע, מאַנכע מיט קליינע אותיות, טיעף־אויסגעשניטענע און קוים בעצייכענטע: „היאַן–מיגועל–דיאַץ"... און נאָך דעם „מיגועל–דיאַץ" האָבען זיך געצויגען ציפער נאָך ציפער...

אָנפאַנגס האָט ער בעצייכענט די צייט מיט טעג, מיט וואָכען, נאָכדעם מיט הדשים... „געטליכע מוטער, שוין צוויי יאָהר!"... „דריי יאָהר"... גאָט, בעשיץ מיין פערשטאַנד... דיאַץ.. דיאַץ"...

דעם צעהנטען יאָהר האָט ער בעצייכענט מיט אַנ'איינפאַכער ציפער, אָהן אַנ'אויסרופונגס־געשריי... נאָכדעם האָט זיך די רעכנונג אויפגעהערט... נאָר דער נאָמען האָט זיך אַלץ געזעהען, אויסגעקריצט מיט אַנ'אָבגעשוואַכטער און פוילער האַנד... און אויף דאָס אַלעם לעגט זיך גלייך און קאַלט דער געלער שיין פון דער לאַנטערן...

און פלוצלונג האָט זיך דיאַץ'ען פאָרגעשטעלט, דאָס אויף זיין בעטעל ליעגט אַ מענש און שלאָפט מיט אַ האַרטען שלאָף. די ברוסט הייבט זיך שטיל, מיט אַ טעמפער רוהיגקייט... צי איז דאָס ער? צי איז דאָס דער זעלבער דיאַץ, וועלכער איז אַהער אַריינגעקומען פול מיט כּחות און מיט אַ ליעבע צום לעבען און צו דער פריידהייט?...

אַ פרישע וועלען־מהנה איז אָנגעפלויגען אויפ'ן אינזעל מיט אַ ברומעריי און אַ קלאַפּעריי... דיאַץ האָט אַראָבגעלאָזען די הענד און האָט ווידער אַ שפרונג געטהון אויפ'ן ברעג. די מהנה איז פאָרביי און איז שטילער געוואָרען. דאָס פייערל האָט ווידער געלויכטען פונ'ם פענסטער אויף דעם אַרומיגען חושך... די לאַנטערן האָט מיט איהר טויטען ליכט בעשיינט אַ לעדיגע קאַמער...

## VI.

דער וואַכט־מאַן אויף דער וואַנד איז געשטאַנען מיט'ן רוקען צום ווינד און האַלטענדיג פעסט מיט ביידע הענד די ביקס, אַז דער שטורם זאָל זי ניט אַרויסרייסען, האָט ער שטיל זיך געמאָליעט און ביי זיך צוגעהערט צו דעם גהינום־ליאַרם פון ים און צו דער ווילדער צוקאָכטער פייפעריי פון ווינד. דער הימעל איז נאָך דונקעלער גע-

וואָרען, עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט איז פערשלונגען געוואָרען אין תהום פון חושך, וואָס האָט אַריינגענומען סיי די וואָלקען־המאַרעס ווי די לופט און דעם ים. נאָר צייטענווייז אין גערויש, אין גוס און אין קלאַפּעריי פלעגען זיך מיט אַ שרעקעדיגער פלעצליכקייט בעווייזען ווייסע וועלענקאַמען און אַ וועל פלעגט זיך אַ שליידער געבען אויפ'ן אינזעל, פערוואַרפענדיג אויף ווייט דאָס צושפּריצענדע וואַסער איבער די נידריגע ווענד.

דער וואַכט־מאַן האָט שוין אָבגעזאָגט אַלע געבעטען, וואָס ער האָט געקענט, האָט זיך אַ קעהר געטהון צום ים און איז אָבגעשטאָרבען פון גרויס פערוואונדערונג. אין דער לענג פון דעם אויסגוס, דאָרט, וואו דער ים איז בערך שטילער געוועןן, האָט זיך בעוועגט אין דער פינסטערניש קוים צו זעהען אַ שיפעל און געגעהערט זיך צו יענעם אָרט, וואו דער ים, פון ווינד נישט בעשיצט, האָט געקאָכט און זיך געוואָרפען אין אַ מורא'דיגער פינסטערניש, פלוצלונג האָט אַ פלאַטער געטהון דער ווייסער זעגעל און האָט זיך אָנגעבלאָזען מיט ווינד. דאָס שיפעל האָט זיך אַ וויעג געגעבען, האָט זיך ווידער אויפגעשטעלט און איז פערשוואונדען...

אין דער איינענער רגע האָט דיאַץ אויך אַ בליק געגעבען צוריק און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז די פינסטערע אינזעל האָט זיך אַ שאָקעל געטהון און איז אַריינגעפאַלען אין תהום צוזאַמען מיט'ן גלייכען פייערל, וואָס האָט אַליץ ביז דער זעלבער רגע איהם נאָכגעקוקט מיט זיין טויטען שיין. פון פאָרנט איז נאָר געוועזען אַ תהו ובהו און אַ שטורם. אַ קאָכיגע ענטציקונג האָט פולגעמאַכט זיין פערגליוועטע נשמה. ער האָט פעסטער צוגעדריקט דעם רודער, אָנגעצויגען דעם זעגעל און האָט הויך אַ געשריי געטהון... דאָס איז געוועזען אַ פריידענס־געשריי, וואָס לאָזט זיך נישט צושטיקען, פון אַן'אונבעגרענעצטער ענטציקונג בעת אַ מענש קומט פלוצלונג צום זיג און דערוואַכט צום לעבען....

פון הינטען האָט זיך דערהערט אַ פערטויבענדער שאָס פון אַ ביקס, נאַכהער האָט זיך אַ טראָג געגעבען אַ ווידער־קנאַל פון אַ האַרמאַטען־שאָס, וואָס איז צוריסען און פערשליידערט געוואָרען פון אוראַגאַן. פון דער זייט איז אָנגעלאָפען אַ מהנה וועלען וואָס האָבען אונטערגעהאַפט דאָס שיפעל. עס האָט זיך געהויבען, געהוי־

בען, עס האָט זיך געדאַכט, אַז אייביג וועט דאָס אַזוי זיין... האַזע–מאַריאַ–מיגועל–דיאַץ האָט מיט צונויפגעדריקטע ברעמען און מיט אַ שטייפען בליק געקוקט נאָך פּאָראויס און זיין ברוסט איז אַלץ פול געווען מיט דער אייגענער ענטציקונג. ער האָט געוואוסט, אַז ער איז פריי, אַז קיינער פון דער גאַנצער וועלט קאָן זיך מיט איהם יעצט נישט פערגלייכען, ווייל אַלע ווילען לעבען... אָבער ער.. .. ער וויל פרייהייט. —

דאָס שיפעל האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפ'ן סאַמע קאַם פון אַ וועל, עס האָט אַ ציטער געטהון, אַ וויעג זיך געגעבען און האָט זיך אָנגעהויבען אַראָבצולאָזען... פון דער וואַנד האָט מען זי געזעהען דאָס לעצטע מאָל, אָבער לאַנג נאָך האָט די קליינע פּעסטונג נאָכגעשיקט פון צייט צו צייט אַ שאָס נאָך אַ שאָס אין דעם ווילד-צוקאָכטען ים אַריין...

VII.

און אויף מאָרגען איז ווידער אויפגעגאַנגען די זון אויף דעם העל-בלאָהען הימעל. די לעצטע אָבגעריסענע שטיקלעך וואָלקען האָבען זיך אָהן אַ סדר נאָך געטראָגען איבער'ן הימעל, דער ים האָט גענומען שטיל ווערען, וויגענדיג זיך, און עס האָט אויסגעזעהען, דאָס ער שעמט זיך, וואָס ער האָט ביי נאַכט אַזוי זיך פונאַנדערגעהוליעט... בלאָהע שווערע וועלען האָבען זיך אַלץ שטילער און שטילער געקלאַפּט אָן די שטיינער, פינקלענדיג אויף דער זון מיט זייערע העלע פרעהליכע וואַסערלאָקען.

דער ווייטער ברעג, אַנ'אָבגעפרישטער און אַנ'אָבגעוואַשענער פון דעם געוויטער, האָט זיך קלאָר געצייכענט אין דער דורכזיכטיגער לופט. אומעטום האָט געלאַכט דאָס לעבען, וואָס האָט זיך אויפגעוואַכט נאָך דער נעכטיגער שטורעמדיגער נאַכט.

אַ קליין דאַמפּף-שיפעל האָט קורסירט אין דער לענג פון ברעג אויסלענענדיג איבער די וועלען אַ לאַנגען עק פון אַ שוואַרץ-ברוינעם רויך, אַ קופּקע שפּאַנער האָבען איהם נאָכגעקוקט פון דער וואַנד פון פעסטונג...

— ער איז געווים דערטרונקען געוואָרען האָט געזאָגט איינער

— דאָס איז געווען אַ ריינע משוגעת... ווי מיינט איהר, דאָן־פערנאַנדאָ?

דער יונגער אָפיצער האָט אַ קעהר געטהון צו דעם, וואָס האָט גערעדט, אַ פערטראַכט פּנים.—יאָ, גאַנץ מעגליך, אַז ער איז דערטרונקען געוואָרען—האָט ער געזאָגט—און אָפשר קוקט ער פון די בערג אויף זיין תפיסה. אַזוי צי אַזוי, האָט איהם אָבער דער ים פאָרט געגעבען עטליכע רגע'ם פרייהייט. און ווער ווייס, צי איז ניט מעהר ווערט איין אויגענבליק פון אַ עכטען לעבען, עהדער לאַנגע יאָהרען אַ פערשלאַפטען לעבען!...

אָבער זעהט, וואָס איז דאָרט אַזוינס? קוקט זיך איין... און דער אָפיציער האָט איבערגעגעבען דעם צווייטען דאָס קוק־גלאָז, אָנ־ווייזענדיג אויפ'ן דרום'דיגען ענד פון באַרגיגען ברעג. אויף איינעם פון די אויסערסטע עקען, וואָס זיינען פערנומען געווען מיט דעם לאַגער פון די אינסורגענטען, ביי'ן בלאָהליכען פאַס האָבען זיך געוואָרפען אין די אויגען קנוילעכלעך פון אַ ווייסען אויפפלאַקערענדיגען רויך. קיין קולות האָט מען נישט געהערט. נאָר עס האָבען זיך דאָ געוויזען, דאָ פערלאָשען האַסטיגע רויכלעך מאָדנע בעלעבענדיג דערביי די וויסטע בערג־גריבער. אַלס אַנ'ענטפער האָט געקנאַלט פון ים אַ האַר־מאַטען־שאָס, און ווען דער רויך האָט זיך אין גאַנצען געלעגט אויף די וועלען, וואָס האָבען געלייכט פון די פונקען, — איז אַלץ ווידער שטיל געוואָרען. סיי דער ברעג, סיי דער ים האָבען געשוויגען.....

די אָפיציערען האָבען זיך איבערגעקוקט: וואָס זאָל קענען בע־דייטען די אונפערשטענדליכע אויפלעבונג אויף די פּאָזיציעס פון די צובונטעוועטע איינגעבאָרענע דאָרט?... זאָל דאָס זיין אַנ'ענטפער אויף די פראַגע וועגען סוף פון דעם ענטלאָפענעם?.. אָדער דאָס איז איינפאַך אַ צופעליגע שיסעריי צוליעב אַ פלעצליכער „טרעוואָגע"?

קיין ענטפער איז ניט געווען.

די גלאַנציגע וועלען האָבען געלאַכט מיט אַ פערבעהאַלטענעם מויל, לויפענדיג דערביי צום ברעג פון אינזעל אָן די האַרטע שטיינער און הויך בעקלאַפענדיג די איינענע וועלען.

---

אין דעם ביכער-פערלאג „קולטור" זענען ביז איצט ארויס פון דרוק פאלגענדע

## פאליטישע אויסגאבען:

1. סוואטיקאוו: דער צוטריט פון די פאלקס-פערטרעטער, איבערז. פון ש. רייזען. פרייז 15 קאפ., מיט פארטא 17 ק.
2. באלאבאנאוו: די פערזענליכע פרייהייט. איבערז. פון ד"ר ווארטסמאנן. פרייז 8 קאפ., מיט פ. 10 ק.
3. א. בעבעל: די אורזאכען פון אנטיסעמיטיזם. פרייז 5 קאפ. מיט פארטא 7 קאפ.
4. פאליטישע פליגבלעטער: (אויסגאבען פון „דאנסקאיא רעטש") — א) וואס איז אלגעמיינעס וואהל-רעכט. — פרייז 1 ק. ב) דאס פארלאמענט. — פרייז 1 קאפ. ג) וואס איז פאלקס-הערשונג. — פרייז 1 קאפ. — אלע דריי בלעטלעך מיט פארטא 5 ק.
5. מוסקאטבליט: וועגען פאלקס-פערטרעטונג. פרייז 10 ק., מיט פארטא 12 קאפ.
6. וורזשאסעק: די יסודות פון דער שטאטס-ארדנונג אין אייראפא און אמעריקא. פרייז 15 ק., מיט פארטא 17 ק.
7. ל"ו: דער סדר פון דער מלוכה אין ענגלאנד. (פערלאג פון פערפאסער. הויפט-לאגער אין פערלאג „קולטור"). פרייז 10 קאפ., מיט פארטא 12 קאפ.

## בעלעטריסטיק:

8. שלום אש: א שטעדטיל. עפּאס פון פויליש-יודישען לעבען. פרייז 75 ק. (מיט פארטא)
9. י. ל. פרץ: אויב נישט נאך העכער. — משיח'ס צייטען. — פרייז 5 קאפ., מיט פארטא 7 ק.
10. י. ל. פרץ: דער דין תורה. — א שמועס. — פרייז 3 קאפ., מיט פארטא 5 קאפ.
11. י. ל. פרץ: די פערשטויסענע, — מענדיל בריינעס, — די פרומע קאץ. — פרייז 5 ק., מיט פארטא 7 קאפ.
12. ה. ד. נאמבערג: אין א חסידיש הויז. ערצעהלונג. — פרייז 5 ק., מיט פארטא 7 קאפ.